פערלאג

„פאמיליען־ביבליאטעק"

## שלום עליכם



# בארדיטשעווער האטעלען און רעסטאראנטען



פרייז 8 קאפ. 70

ГОСТИНИЦА
Разсказъ Шолемъ Алейхема
Типо-Лит. Ф. Баумритера, Варшава
Красинская площ. 6. 1909 г.

# חברת „כּרמל"

## (ווארשא-אדעססא).

### די נייעסטע סארטען וויין פון ארץ ישראל.

### אײַזען ווײַן „בּרזל" „BARSEL" (2 „עין־דור" „EN-D'OR"

### האט איהר געהערט וואס „דאקטוירים" זאגען וועגען זיי?

**דאקטוירים רופען דעם** „בּרזל" מיט דעם נאָמען געזונדהײַטס־בלוט־ווײַן' ווײַל ער פערמעהרט, פערבעסערט און קרעפטיגט דאָס בלוט.

**דאקטוירים זאגען:** דאָס "Барзелъ„ האָט אין זיך אײַזען אזוי פיעל, ווי מען בעדאַרף צו האָבען אום צו פערבעסערען, צו פערקרעפטיגען דאָס בלוט.

**דאקטוירים האבען אויסגערעכענט**, דאָס אַנדערהאַלבען ($1^1/_2$) פעל "Барзелъ„ האָט אין זיך אזוי פיעל „אײַזען" וויפיעל אין דעם ...ײַערסטען רעצעפּט וואָס מען שרײַבט צו.

נאָר עס פערשטעהט זיך, דאָס ער איז פיעל אַנגענעהמער צו טרינקען ...י אַ רעצעפּט (אפילו קליינע קינדער טרינקען איהם גערען), פיעל בעסער, ...יעל נוצליכער און טאַקי אויך פיעל ווּעלוועלער.

דער כרמל **בּרזל** איז אויסגעפּרובט געוואָרען אין דעם **גרויסען** ...**דישען האָספּיטאַל אין אדעססא.**

...אָט וואָס עס שרײַבט אונז דער „האָספּיטאַל" אין זײַן אַטעסטאַט פון 2...טען פעווראַל הײַנטיגען יאָהר № 229:

אין דער לעצטער צײַט האָט דער האָספּיטאַל געפונען זעהר נוטצליך דעם „בּרזל" (Весьма полезнымъ) וועלכע מען האָט מיט ...רויס ערפאָלג (Большой пользою) צוגעשריבען בלוט־דירפטיגע (Малокровнымъ) קראַנקע.

דער דירעקטאָר, פון „ראָדילנעם פריוט" און פּראָפעססאָר פון „אַנשטאַלט ...יר אַקושערקעס" דאָקטאָר אַקושער .R שרײַבט אונז אין זײַן בריעף פון 7 אָקטיאַבר № 15... כזה הלשון: די פּראָבעס, וועלכע איך האָב געמאַכט מיט אײַער ...בּרזל" אויף קראַנקע אין „ראָדילנעם פריוט", האָבען מיר **דייטליך בעוויזען,** ...ז דער „בּרזל" איז אַ **אומפערענדערליכער רפואה** (Незамѣ-нимое) אום צו **דערוועקען** און **פארשטארקען** די **כּוחות. אי-...בערהויפּט איז ער העכסט נוצליך קינפּעטארענס**, וועלכע האָ...ען פערלוירען פיעל בלוט אין קינפּעט; אויך איז ער זעהר נוצליך פאַר קראַנקע, ...עלכע פיבערען.

מיר האָבען נאָך פיעל גוטע מיינונגען פון אָדעסער, קיעווער, וואַרשעווער אונד פיעל אַנדערע דאָקטוירים, וועלכע עס האָבען אויסגעפּרובט דעם „בּרזל" אויף אַלערליי בלוטדערפטיגע (Малокровные) אונד פיבערענדע קראַנקע, ... פרויען אונד קינדער

# באַרדיטשעווער האטעלען

— אויב איהר ווילט סע זאָל זיין וואָלוועל און ס'זאָל לאָפּטשען, ווייל איך אייך פעריפיהרען אויף אַ רעכטע סטאַנציע! — מאַכט צו מיר מיין בעל עגלה און פיהרט מיך צו צו אַ צוויי גאָרענדיגע שטוב מיט אָבגעקאַלופּעטע ווענט, און איך לייען איבער איין אויפשריפט מיט גרויסע אותיות: „האָטעל טערקאַליא". מיין בעל עגלה קלאַפּט מיט דער בייטש אין טיר און שרייט אויף אַ קול:

— נח! נח! וואו ביזט דו ערגעץ אין אַלדע רוחות? עפען! איך האָב דיר געבראַכט אַ העכט!...

אויף דעם געשריי עפענט זיך די טיר און עס בעוויזט זיך אַ אידל, וואָס מען רופט איהם נח, דער שווייצאַר פון'ם האָטעל. ער כאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק, פרעגט מיך ניט, און טראָגט דאָס אַרויף אויף די טרעפּ, גלייך אויף'ן אויבערשטען גאָרן און טהוט מיך אַ פרעג: וואָס פאַר אַ נומער למשל ווילט איהר? מיט געזאַנג צי אָהן געזאַנג?

— וואָס פאַר אַ געזאַנג? — זאָג איך.

— פון די „אַקטעיורען". ביי אונז שטעהען די אַקטעיורען פון'ם אידישען „טרעיאַטער", און אַקעגען שטעהט ביי אונז אַ חזן פון דער ליטא מיט צוועלף זינגערליך, געקומען צופאָהרען אויף שבת, מען זאָגט, אַז ס'איז ניט קיין שלעכטער חזן; גאָר איין אַנטיק פון אַ חזן!

— עס קאָן זיין — זאָג איך — אַז ער איז איין אַנטיק פון אַ חזן, נאָר איך בין אייך מוחל; איהר גיט מיר בעסער אָהן געזאַנג.

— ווי איהר ווילט אייך? — מאַכט צו מיר נח דער שווייצאַר — איך קאָן אייך געבען איין אַנדער נומער, די ברירה איז ביי אייך; נאָר אַז סע וועט אייך זיין דאָרט ניט אַזוי דאָסיג, זאָלט איהר צו מיר נאָכדעם קיין טענות ניט האָבען.

— וואָס הייסט — זאָג איך — „ניט אַזוי דאָסיג"?

— למשל — זאָגט ער — טאָמער וועט מען אייך בייסען.

— ווער — זאָג איך — וועט מיך בייסען?

— ווער וועט אייך בייסען? — זאָגט ער — איך וועל אייך ניט בייסען; עס וועלען זיך שוין געפינען אַזעלכע וואָס וועלען אייך בייסען.

מען האָט ניט לאַנג, ערב פסח, געריניגט, נאָר עס העלפט ניט, קיין קעראָסין אויך ניט.

— אויב אַזוי — זאָג איך — לאָז שוין זיין מיט געזאַנג...

אונ נח דער שוויצאַר פיהרט מיך אריין אין אַ פינסטער חדר מיט אַ משונה מאָדנע רח פון פרישע פעל, נאָר וואָס אויסגעטאַבטע, אונ פוילע אונגערקעס מיט מאַבאָרקע; אונ איידער איך קוק מיך אַרום, וואו איך בין אין דער וועלט, חאַפּט נח עפּעס אַ זאַך און הויבט דאַס אָן צו פּאַטשען, ווי מען פּאַטשט אַ ווייכען קישען בשעת מען וויל עמיצען מאַכען אַ גוט געלעגער ער זאָל הנאה האָבען. בשעת פּאַטשען רעדט נח צו זיך אַליין אונ שעלט עמיצען, מיט טוידטע קללות:

— דו יאָלד איינער! דו ים־קאָטער! דו אָקסענהאָרען! אָט גיב איך דיר אַ שמיר איבער'ן טשאָלענט־ברעטיל אונ מאַך דיר קאַלי די יאַסלעס! די גאַנצע וועלט פּאָהרט פּונם באַהן, אונ ער איז אַריין מיט די שטיוואַלעס אין בעט, זיך צולעגט ווי ביי'ם טאַטען אין וויינגאָרטען אונ חאָליעט אין דער קרענק! אַ שענער לאַקעי! קראַנק געווען ביז אַהער עפּענען די לאָדען? צושטעלען דעם סאַמאָוואַר? צי אָפּפּוצען די אַקסעיורען די שטיוועל? צי אויפראַמען ביים חזן מיט די זיננערליך? משה מרדכי הלך מיט'ן קאָפּ אין דער ערד!

ערשט דאָ האָב איך דערזעהן אַ גרויסען בחור'עץ מיט גרויסע גוט אָבגעשמירטע שטיוועל, אונ איך האָב ש״ן פערשטאַנען פון וואַנען דער רח געהט... די פּעטש וואָס דער לאָקיי האָט געכאַפּט פונ'ם שוויצאַר (דאָס האָט ער זיי געכאַפּט) האָט ער גאַנץ פיין אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע, אָפּגעווישט די ליפּען גלייך ווי ניט איהם מיינט מען, אויפגעעפענט די לאָדען, אַ קוק געטהון אויף מיר אונ צולאַכט זיך.

— זעהט נאָר זעהט—מאַכט צו מיר דער שוויצאַר—טאָמער ווייסט איהר וואָס איז מיט איהם דער געלענדער? סע שטופּט איהם הנאה די פּעטש אויפ'ן ניכטערן האַרצען! משה מרדכי הלך מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! דו פּאַסקודנער בחור! דו קאַרטאָפּלע פּרעסער! דו לאָקשען שלינגער! דו בייגעל־כאַפּער!...

אונ נח דער שוויצאַר דערלאַנגט איהם אַ טראַסק אין האַלז און אַקען אונ וואַרפט איהם אַרויס אויף יענער זייט טיר.

— אַ גאַנץ עהרליכער בחור!—מאַכט צו מיר נאָכדעם דער שוויי־צאַר — נאָר אַביסעל אַ פּוילער, האָט אַ האַרטען שלאָף, אָהן פּעטש וועט איהר איהם ניט אויפוועקען בשום אופן! האָרעוועט געבאַך ווי איין

אײזיל! װאָס ער פערדינט גיט ער אָב דער שװעסטער, קוים געפּועלט בײַ איהם ער זאָל זיך מאַכען אַ פּאָר שטיװעל... װאָס װעט איהר, זיך עפּעס הײסען געבען צו דער טײַ? פריש געבעקס, אײער־בײגעל, קאָרזשיקליך מיט מאָהן, אָדער גאָר באַרדיטשעװער פרענצעלען?

און נח דער שװײַצאַר דרעהט זיך אױס און װערט פערשװאונדען.

— פּעטער! איהר זענט שױן אַ געדאַװענטער? מאַכט צו מיר עמיצער און שטעקט אַרײַן אַ קאָפּ אין דער טיר.

— װאָס געהט דאָס אײך אָן? — פרעג איך איהם.

— איך האָב צו אײך אַ בקשה — מאַכט ער.

— װער זענט איהר? — פרעג איך איהם.

— אַ איד—מאַכט ער—אַ פרעמדער, ניט קײן היגער; איך האָב געװאָלט בעטען אײך אױף אַ מינוט אײער טלית און תּפילין; מײַנעם האָט מען אַװעקגעגנב'עט ערשט נעכטען אָט־דאָ, אױף דער סטאַנציע.

עס עפענט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אַרײַן נאָך אַ קאָפּ, אַ היטעל, און רעדט אױף עטליכע לשונות מיט אַ מאָל:

— ראַזניך טאָװאַראָװ, פּאַני! זאָקען גוטע! רענקאַװיטשקי זיעמני, בעסטע װאַרע װאָלװעל! בחצי חנם, יאַק באָגאַ קאָהאַם.... קױפט אײך זאָקען חאָטש אַ האַלב טוץ.... לאָז אײך גאָט געבען געזונד... איך האָב ניט געװאוסט װער איהר זענט, װאָרום סע מאַכט זיך אַ מאָל מען טרעפט אָן אױף אַ פריץ און מען רעדט צו איהם אַװעק אַ שעה כסדר אױף אונזער אידיש לשון, כאַפּט מען אַ פּסק, האָב איך מיך מישב געװען, איך װעל מיך פּרובען אױף פּױליש, אױף רוסיש, אױף דײַטש; איך פערשטעה דאַנקען גאָט עטליכע שפּראַך.... הענטשקעלעך אַ פּאָר גוטע װאַרעמע, װילט איהר ניט?.... איך בין װי איהר זעהט מיך, געװען אַמאָל אַ גרױסער סוחר, געפאָהרען אױף די גרעסטע ירידים: קײן יאַרמעליניץ, קײן פּראָסקוראָװ און קײן פּאָלטאַװע... מעהר הײסט דאָס װילט איהר גאָר ניט? זײף אַ שטיקעל? אַ קעמעלע אַ גוטס, פון די אַנטיקען? נײן? אַ דאַנק אײך פאַר'ן פּדיון, מײַנע קינדער װעלען זיך מחיה זײַן...אפשר װעט איהר פאָרט קױפען אַ בערשטיל אַ גוטס? אָדער אַ שניפּסעל אַ שײנס? אָדער נאָך אַ האַלב טוץ זאָקען װעל איך אײך אָפּגעבען װעלװעלער. נײן? איהר װילט ניט? האָט זשע אײך אַ גוטען תּמיד!....

דער איד כאַפּט דאָס היטעל און געהט אַװעק, עס קומט אַרײַן אײן אַנדער איד שױן מיט אַ היטעל.

— קױפֿט בײַ מיר זאָקען, פֿעטער, גוטע זאָקען, װאָלװעל!
— איך דאַרף ניט קײן זאָקען—זאָג איך—אַ דאַנק!
— װאָס הײסט — זאָגט ער—איהר דאַרפֿט ניט קײן זאָקען? אָט האָט איהר דאָך נאָר װאָס געקױפֿט אַ האַלבע טוץ זאָקען בײַ יענעם, איך בין אױך אַ איד אַ אײן אָרעמאַן און אַ מטופּל מיט קינדער, צװײ אינגלעך אין דער „אוטשילישטשע", אײנער איז בײַ אַ בעל־מלאכה און די קלענערע אין חדר... אַ דאַנק אײך! זײַט געזונד, גאָט זאָל אײך בעגליקען!....
נאָך דעם אידען קומט אָן אײן אַנדער איד. אַ הױכער, אַ דאַרער מיט אײן איבערגעשראָקען פּנים.
— אױב איהר װילט פֿערדינען אַ מצוה, איהר זאָלט פֿערשפּאָרען פֿאַסטען תּשעה־באָב, נעהמט צו בײַ מיר אַ רעשטיל אין גלײַכען געלד, פֿערבליבען בײַ מיר זאָקען אַ פּאָר טוץ.
— איך דאַרף ניט קײן זאָקען! — זאָג איך — איך האָב שױן גענוג זאָקען.
— איך גיב זײ אײך אָפּ אונטער'ן קרן — זאָגט ער — איך דינג מיך מיט אײך ניט װיפֿיעל איהר װעט געבען, געבען זאָל אײך גאָט געזונד און לאַנגע יאָהר!... איך האָב אַ זוהן אין גימנאַזיע, ענדיגט ער הײַנטיגס יאָהר, װיל שטודירען אױף דאָקטאָר. „דו װעסט שױן פֿערשפּאָרען—זאָגט ער—טאַטע, אַזױ האָרעװען, דענסטמאָל האָרעװען װעל איך שױן אונ דו װעסט שױן, זאָגט ער אַביסעל אָברוהען"... אַזױ זאָגט ער צו מיר, מײַן זוהן. נאָר דערװײַל מוז מען איהם אונטערהאַלטען מיט אַ דרײַערל, חאָטש ער פֿערדינט שױן קײן עין הרע אַלײן אױעלכע צעהן קאַרבען אַ חודש... בלײַבט געזונד און זײַט מצליח!
נאָך דעם אידען, קומט אַרײַן אַ אידענע מיט אַ טערקישען שאַל און רעדט מיט אַ ניגון:
— דאָס זענט איהר דער אורח פֿון יעהופּעץ?
— יאָ, װאָס איז דען?
— איך האָב געהערט זאָגען אַז איהר זענט געקומען קײן באַרדיטשעװ קױפֿען זאָקען, האָב איך אײך געבראַכט עטליכע טוץ זאָקען אױף אַ מוסטער. בײַ מיר איז אַ פֿאַבריקע פֿון זאָקען שױן צעהן יאָהר אַז איך אַרבײַט זאָקען!..
— װער האָט אײך געזאָגט—זאָג איך—אַז איך קױף זאָקען? איך בין ניט געקומען נאָך קײן זאָקען, איך דאַרף ניט קײן זאָקען!

נאָר די אידענע הערט ניט וואָס איך רעד און טהוט זיך איהרס: זי מאָהלט ווי אַ מיהל.

— מײַנע זאָקען האָבען אַ שם אויף גאַנץ באַרדיטשעוו! קוקט אָן אַ זאָק!... וואָס זאָגט איהר אויף דעם זאָק?

— אָבער אין גאָטס ווילען — שרײַ איך — איך קויף ניט קיין זאָקען. איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

— אָט ליגען דאָ — זאָגט זי—בײַ אײַך זאָקען!

— דאָס האָב איך געבראַכט זאָקען אויף צו פערקויפען! — זאָג איך און בעגלײַט אַרויס די אידענע און פערשליס די טיר, טאָמער טראַגט מען מיר זאָקען. — ווער קלאַפּט דאָס?

— ס'איז איך! — ענטפערט מען מיר פון יענער זײַט טיר.

— ווער איז דער „איך"? — פרעג איך, און האָב מורא עפענען די טיר טאָמער טראָגט מען מיר זאָקען, — ווער קלאַפּט דאָס?

— דוד — ענטפערט מען מיר.

— וואָסער דוד?

— דוד שפּאַן.

— וואָסער דוד שפּאַן?

— דוד שפּאַן דער קאָמיסיאָנער!

— וואָס דאַרפט איהר — פרעג איך איהם — אפשר זאָקען?

— איהר דאַרפט — זאָגט ער — זאָקען, אָט טהו איך אַ שפּאַן צווישען די קלייטען און ברענג אײַך זאָקען!

— ניין! ניין! — שרײַ איך — איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

איך עפען אויף די טיר קומט מיר אַקעגען נח דער שווייצאַר, אַנגעלאָדען מיט בולקעס און מיט בייגעל, מיט קיכליך, פלעצליך, קאָרזשיקליך און פרענזעלין.

— פון וועמענס וועגען איז דאָס אַזוי פיעל פּראָוויזיע? — פרעג איך איהם.

— וואָס האָט איהר יסורים? — זאָגט נח — פאַר די הינט וועט מען דאָס חלילה ניט אַרויסוואַרפען, פאַראַן קיין עין הרע ווער ס'זאָל עסען, איך אַליין האָב זעקס פּיקערס אייגענע, אַ הויז צוויי פרעמדע יתומים נעבאַך... זאָגט מיר בעסער וואָס זענט איהר פאַר אַ מאָדנע בריאה אַזעלכע? איהר דאַרפט האָבען זאָקען האָט איהר ניט געקאָנט זאָגען מיר? ניט דוד'ל שפּאַן, ער זאָל אײַך געהן ברענגען זאָקען?

— ווער האָט איהם געהײַסען — זאָג איך—ברענגען זאָקען?

— איך ווייס ניט—זאָגט נח — ווער עס האָט זיהם געהייסען, איך האָב איהם געווים ניט געהייסען! דוד'ל גנב וועט אייך ברענגען זאָקען וועט זיין וואָס צו זעהן, בארדיטשעווער זאָקען!...

ביי די ווערטער עפּעגט זיך אויף די טיר אונ עס קומט אריין א געפּאַקט אידעל מיט רויטע באַקען, מיט אַ פערשוויצט פנים אונ מיט א לילקע ציבעקיל אין מויל. איך מאַך ניט קיין לאַנגע שהיות, נעם איהם אָן ביי דער האַנד אונ ווייז איהם די טיר.

— געהט אייך געזונדטערהייט מיט אייערע זאָקען צו אלדע גוטע יאָהר! איך דאַרף ניט קיין זאָקען!

— גאָט איז מיט אייך — רופט זיך אָן צו מיר נח דער שווייצאַר.

—וואָס טרייבט איהר זיי? דאָס איז דאָך אונזער בעל־הבית פונ'ם האָטעל!...

— אַזוי גאָר? האָט קיין פעראיבעל ניט — זאָג איך צו איהם אונ גיב איהם אָב שלום, אונ טראָג איהם אונטער א בענקעל, — איך האָב געמיינט דאָס זענט איהר יענער איד, וואָס איז אַזעקגעלאָפען מיר ברענגען זאָקען. איין אומגליק, מען האָט מיך פערוואָרפען מיט זאָקען! א מבול פון זאָקען, זיצט איך בעט אייך.

— אַ דאַנק! איך קאָן בעשטעהן! — מאַכט צו מיר דער בעל־הבית און זעצט זיך אַנידערע און פּיפּקעט פונ'ם לילקע ציבעקעל.

— פון וואַנען קומט אַ איד? פון יעהופּעץ? איך האָב דאָרטען א בעקאַנטען אין יעהופּעץ, דאָס הייסט ער זיצט שוין ניט אין יעהופּעץ, ער איז אַריבערגעפאָהרען פון דאָרטען שוין לאַנג, איך האָב מורא אויב ניט אַ יאָהר אַכטצעהן אונ אפשר טאַקי אַלע נײַנצעהן.... קיין אדעס זאָגט מען, איז ער אַריבערגעפאָהרען, ער האָט דאָרטען קרובים אין אַדעס, ס'איז ביי זיי אַ קאַנטאָר פון ווייץ. צוויי קאַנטאָרען, איינעם אין אַדעס, די אַנדערע אין ניקאָלאַייעוו... די אַדעסער קאַנטאָר מאַכט נישקשה, נאָר די ניקאָלאַייעווער קאַנטאָר מאַכט ניט אַזוי גוט, מחמת ניקאָלאַייעוו איז ציגנד נעשלאָגען, שטאַרק געשלאָגען, איבער פעאָדאָסיע זאָגט מען. איבער דעם „פּאָרט" וואָס מען האָט געמאַכט אין פעאָדאָסיע. ס'איז היינט אַ גאַנצע שטאָדט געוואָרען פעאָדאָסיע, איך האָב אין פעאָדאָסיע אויך בעקאַנטע, אַ פיינע שטאָדט זאָגט מען פעאָדאָסיע!...

איך זעה אַז ס'איז אַ מעשה אָהן אַ עק, פאַל איך איהם אַריין אין די רעד אונ טהו איהם אַ פרעג:

— וואָס האָב איך אייך אין זינען געהאַט צו פרעגען? יאָ פאַר וואָס האָט איהר אַ נאָמען געגעבען אייער אַכסניא „האָטעל טערקאַליאַ"?

— איך געדענק נאָך פעָדאָסיע — ענטפערט מיר דער בעל־הבית — פאַר אַ קליין שטעדטיל... איך בין אַליין, פערשטעהט איהר מיך, אַ דאָרטיגער, אַ בעסאַראַביער בין איך, פון בעסעראַביע, פון אַ קליין שטעדטיל דובאָסאַרע, דאָס הייסט געבאָרען בין איך פון בעלץ... איהר זענט געוועזען אַ מאָל אין בעלץ? אַ פיינע שטאָדט בעלץ; נאָר ווי קומט זי צו קעשעניעוו?..

—גוט מאָרגען געלע, רעטיך טראָג איך! —מישט זיך אַריין נח דער שווייצאַר פון דערהוויטעץ — איהר מעגט רעדען מיט'ן בעל הבית אַביסעל העכער, סאיז ביי זיי קאַליע די שמועה, זיי הערען ניט די וועלט...

איך רוק זיך צו צום בעל הבית גאַנץ נאָהנט און שריי איהם אויף אַ קול גלייך אין אויער אַריין:

— איך פרעג פאַר וואָס הייסט עס עפעס אייער האָטעל מיט אַזאַ מאָדנעם נאָמען? —

— וואָס שרייט איהר אַזוי? — מאַכט ער צו מיר — איך בין ניט טויב! אַ מאָדנע נאָמען זאָגט איהר? מיט וואָס איז ער אַזוי מאָדנע? „אינטאַליע” איז גוט? „פאָרטוגאַליע” איז גוט? און טערקאַליע טויג ניט? יענע אַלע נעמען האָט מען פערכאַפט פריהער, האָב איך אַ נאָמען געגעבען נאָכ'ן טערק... יאָ איז ווי האַלט איך? קעשעניעוו! און די מענשען?... ביי אונז אין בעסעראַביע הערט איהר זענען גאָר אַנדערע מענשען! ביי אונז אין בעסאַראַביע עסט מען גאָר אַנדערש... ביי אונז אין בעסאַראַביע אַז מען זעצט זיך עסען דערלאַנגט מען הערט איהר צום אַלעם ערשטענס די שענע פיש פונם שענעם טייך; נאָך דעם „קאַדע”, דאָס גוטע דאָס פעטע שטיקעל „קאַדע”. נאָכדעם גיט מען אויף דעם גרויסען טעלער די שענע די ריינע מאַמעליגע, וואָס מען שניידט דאָס מיט'ן גרויסען פאָדעם אין דער ברייט, נאָכדעם דערלאַנגט מען די פרישע די הייסע פאַפושקעס און מען פערטרינקט מיט דעם אמת'ן ריינעם בעסאַראַביער וויין, און מען פערבייסט מיט דעם רעכטען, דעם גוטען נאַהוט... אַזאַ מין אַרבעס.

און דער בעל הבית בשעת מעשה בעלעקט זיך און מאַכט מיר אַ אַפעטיט צום עסען, און בשעת דער בעל הבית רעדט פון די בעסאַראַביער מאכלים, לאָזט זיך הערען פון איין זייט אַ געזאַנג, פון אַ ליטווישען חזן, וואָס ציקעלט זיך, שרייט און מאַכט מאָדנע הויות:

וְשמחוּ ב —
מלכותךָ שו —
מרי שבת ו —
קוראי עונג....

און דאָס כאָר צוטהיילט זיךָ אויף צווייען: איין האַלב כאָר זינגט:

טוּראַריְרל! טוּראַריְרל!
טוּראַריְרל! טוּראַריְרל!

און דאָס אַנדערע האַלב כאָר האַלט אונטער:

פּיְם־פּאָם!
פּיְם־פּאָם!
פּיְם־פּאָם!

און פון דער אַנדערער זייט הערט זיךָ אַ געזאַנג פון די „אַקטעיוּרען"!

פּי־סע־ליךָ!
און פּי־סע־ליךָ!
און לעבעדיגע!
פּי־סע־ליךָ!
אויף מיר אַזאַ יאָהר!...

אויךָ דער משרת, וואָס פּוּצט די שטיוועל אונטער מיין טיר מהוט אַלע מאָל אַ שפּיי אויפ'ן בערשטיל און זינגט אַ לידעל:

האָב איךָ אַ שווינגער
האָט זי איין אֵיי־אֵיי־אֵיי־דעם!
שלאָגט ער איהר טאָכטער,
ציטערט דער באֵיי־אֵיי־אֵיי־אֵיידעם!

און נאָךָ אַ געזאַנג לאָזט זיךָ הערען. אַ קול פון אַ אידענע, וואָס זי שעלט דעם מאַנן: דאָס זוכט די בעל־הבית'טע דעם בעל הבית אין אַלע ווינקלען, און הערט ניט אויף צו שעלטען איהם מיט משונה מאָדנע קללות וואָס לאָזען זיךָ אויס מיינסטענס מיט אַ גראַם:

אַ מכה אַ צרה! אַ שלאַק אַ כפּרה!...
איין אויסגיס אַ קללה! אַ קלאָג אַ יללה!...
אַ פייער אַ שרפה! אַ מהומה אַ מגפה!...

– איהר ווײסט עסען מיט'ן בעל הבית און מיט דער בעל הבית'טע

— מאַכט צו מיר נח דער שווייצער אויף די טיר — צי איהר וועט געהן עסען אין א רעסטאָראַציע!

— אין אַ רעסטאָראַציע! זאָג איך — אין אַ רעסטאָראַציע!..

---

# III

## בארדיטשעווער רעסטאראנען.

„כשר!" בכאן עסט מען פריש אונ וואָלוועל! שרה אינדיק".

איבערגעלייענט אזא מין אויפשריפט קלעטער איך אַרויף אויף גליטשיגע טרעפ אויפ'ן צווייטען יטאָק פון א רויטען נאַקעטען מויער, אונ כאָטש די רחות וואָס לאָזען זיך הערען אויף די טרעפ זענען עפּעס ניט אַזוי אַנגענעהם פאַר דער נאָז, נאָר אַ הונגעריגער מאָגען קלויבט נישט איבער...

— וואו איז דאָ ערגעץ שרה אינדיק!—טהו איך א פרעג ביי איין אַלטען אידען מיט אַ געל פנים, וואָס זיצט אויף דער ערד אונ פערריבט איין אלטען מאַטראַץ.

— ווייט! — מאַכט צו מיר דער אַלטער אונ טהוט אַ פּאַטש דעם מאַטראַץ אונ עס געהט פון איהם אַ גרין רויכעל.

— אַוועקגעפאָהרן? — פרעג איך איהם.

— אַוועקגעפאָהרען! — מאַכט צו מיר דער אַלטער אונ שאָקעלט מיט'ן קאָפּ — אַוועקגעפאָהרען אויף עביג!...

— געשטאָרבען? ברוך דיין אֱמת! — זאָג איך אונ וויל מיך אַרויסכאַפּען צוריק.

— יאָ—מאַכט ער—געשטאָרבען. ערב פסח ווערט זעכס יאָהר אַז זי איז געשטאָרבען, גלויבט מיר איך האָב זי נאָך נישט פערגעסען אויף קיין מינוט אפילו! ווי קען מען דען אַזעלכעס פאַרגעסען? איהר קאָכען, איהר באַקען, איהר בעגעהן זיך מיט דער וועלט, איהר רעדען מיט אַ מענשען, אונ איהר צוטרעפען מיר מיין שגעון! נאָר איך פערשטעה ניט, איך בעראַרף אייך דערצעהלען? איהר האָט דאָך זי מסתמא געקענט?

— פון וואַנען — זאָג איך — האָב איך זי געזאָלט קאָנען, אַז איך בין דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען אין בארדיטשעוו?

— הערסט? הײַנט וואָס זשע — זאָגט ער — פרעגט איהר זיך נאָך אויף שרה'ן?

— איך פרעג גאָר ניט אויף שרה'ן — זאָג איך — איך פרעג צי דאָ איז דער רעסטאָראַן „שרה אינדיק" וואָס שטעהט אויפגעשריבען אויף דער וואַנד? איך וויל עפּעס עסען?

— עפּעס עסען? — מאַכט ער צו מיר — הערסט! הײַנט וואָס זשע שווײַגט איהר? רחל! רחל!

אונ עס בעווײַזט זיך אַ שוואַרץ־חנ'ווריג ווײַבעל מיט שוואַרצע לאַכענדיגע אויגעלעך מיט פערקאַטשעטע אַרבעל אונ מיט מעהל אויף די הענד, אויפ'ן פאַרטיך אונ אויפ'ן פּנים.

— וואָס איז שוין ווײַטער? — רופט זיך אָן דאָס שוואַרץ־חנ'ווריג ווײַבעל, טהוט זיך אַ וויש די נאָז מיט'ן אַרבעל וואָס אויף דער זײַט עלענבויגען — מען לאָזט ניט איבערזיפּען די מעהל! אַלע מינוט: רחל! רחל!

— זיי ווילען עפּעס עסען — מאַכט צו איהר דער אַלטער אונ הערט ניט אויף צו פּאַטשען דעם מאַטראַץ.

— עפּעס עסען? — רופט זיך אָן דאָס ווײַבל מיט אַ מאָדנע מין געזאַנג ווי מען איז מעביר די סדרה. אונ טרײַסעלט אוים דעם פּאַרטוך אונ פערשיט מיר די אויגען מיט מעהל. — וואָסווילט איהר עסען?

— וואָס האָט איהר? — זאָג איך צו איהר — מיט'ן זעלבען ניגון וואָס זי.

— וואָס ווילט איהר? — זאָגט זי נאָך אַמאָל מיט'ן אײגענעם ניגון.

— וואָס איך וויל? — זאָג איך — הם... פיש איז דא בײַ אײַך געפּילטע?

— נאָכן מאַרק פיש? — זאָגט זי — אַ שעהנע מעשה!

— נו לאָז זײַן באָרשטש — זאָג איך — אַז ניט קײן פּיש.

— וואו האָט איהר געזעהן? — זאָגט זי — נאָך האַלבען טאָג באָרשטש? אַ באָרשטש דאַרף זיך קאָכען, דאָס ווײסט איהר צי נײן?

— אַלסדינג — זאָג איך — בעדאַרף זיך קאָכען.

— אַבי איהר ווײסט — זאָגט זי — איז גוט!

— נו? — זאָג איך — איז קײן ראָסעלפלײש אויך ניטאָ?

— פון וואַנעט — זאָגט זי — האָט זיך גענומען אַ ראָסעל פלײש? ס'איז געווען אַ ראָסעל פלײש האָט מען איהם אויפגעגעסען.

— נו — זאָג איך — לאָז זײַן אַ יוך !

— מיט וואָס — זאָגט זי — ווילט איהר זאָל זײַן די יוך ? מיט מאַנע־גרײַפּלעך, מיט אַ מצה'לע, צי מיט מאָנדלעך (אַ פּתח פּערבײַט זיך בײַ איהר אָפּט אויף אַ קמץ)

— לאָז זײַן — זאָג איך — מיט וואָס איהר ווילט, אַבי אַ יוך !

— אויף ווען — זאָגט זי—ווילט איהר זאָל זײַן די יוך ?

— וואָס הייסט—זאָג איך—אויף ווען ? אויף באַלד !

— וואָס הייסט—זאָגט זי—אויף באַלד ? איהר ווילט זיך מסתּמא אַ יוך זאָל זײַן פון עוף ? וואָסער טעם האָט אַ יוך אָהן עוף ? און איין עוף בעדאַרף מען ערשט כאַפּען, שיקען צום שוחט, אָבפּליקען, מאַכען, זאַלצען, אָבגיסען, אויסווייקען און צושטעלען ; עס קען אַרויסקומען הלואי אויף דער נאַכט.

— גיט זשע מיר אַזוי — זאָג איך—וואָס ניט איז, אַ שטיקעל פלייש, אַביסעל זופּ, אַ פרעזשעניצע פון עטליכע אייער, אָדער עפּעס געזאַלצענס טאָמער האָט איהר ?...

— אַ מאָדנער ייד ! — רופט זי זיך אָן צום אַלטען—אַלסדינג גלוסט זיך איהם... אַ הערינג אויב איהר ווילט קען איך אייך מאַכען.

— לאָז זײַן אַ הערינג — זאָג איך — אַבי גיכער.

— ווי אַזוי ווילט איהר ? — זאָגט זי — מיט אַ ציבאַלקע ?

— מיט אַ ציבעלקע.

— און מיט עסיג אוי־עך ?

— מיט עסיג אויך !

— און מיט בוימעל אוי־עך ?

— מיט בוימעל אויך.

זי טהוט ווידער אַ טרייסעל דעם פאַרטוך, קאַטשעט אָפּ די אַרבעל, לאָזט זיך געהן נאָך אַ הערינג און קעהרט זיך אום צוריק.

— ווי אַזוי האָט איהר ליעב אַ הערינג זאָל זײַן מיט אַ מילוך ? צי מיט אַ רויג ?

— לאָז ער זײַן ווי ער וויל זיך — זאָג איך — אַבי לאָז ער שוין זײַן.

רחל לאָזט זיך געהן און קעהרט זיך אום צוריק.

— געריכערטע פישלעך עסט איהר ?

— פאַר וואָס ניט ?—זאָג איך.

— און אַרעסער קעפּאַליען ? — זאָגט זי

— בכבוד גדול! זאָג איך.

— איך ווייס אָבער ניט—זאָגט זי—צי זיי זענען שוין דאָ? מיר דאַכט אַז זיי זענען נאָך נישטאָ, און אָפּשר זענען זיי שוין דאָ?... ניין ס'איז נאָך פריה!... פון דעסטוועגן וועל איך גיהן טאָמער זענען זיי שוין דאָ...

רחל לאָזט זיך גיהן אין קעהרט זיך אום צוריק

— אויף אידישען קאָלבאַס זענט איהר אַ בעלן?

— אַך!—זאָג איך—אַדרבא קויפט, קויפט קאָלבאַסען, איך האָב ליעב קאָלבאַסען.

— איהר מיינט דאָך אַודאי וואַרשאָווער קאָלבאַסען?

— נו יאָ!—זאָג איך—געוועהנליך וואַרשאָווער!

— אַזוי!—זאָגט זי—וועט איהר מוחל זיין זיך דורך פאָהרען קיין וואַרשאָוו, וועט איהר דאָרט עסען וואַרשאָווער קאָלבאַסען. ביי אונז פערקויפט זיך באַרדיטשעווער קאָלבאַסען, פון אונזער אייגענער באַרדיטשעווער פאַבריקע, בעדאַרף מען האָבען צו זיי אַייזערנע צייהן! שניידען מיט אַ מעסער איז אוממעגליך סיידען האַקען מיט אַ האַק, דער שוואַרצער יאָהר ווייסט זיי וואָס זיי שטופען אַן אַהינצו וואָס ס'איז אַזוי האַרט, מען האָט אַנימעלטען צוהאַקט אַ קאָלבאַס האָט מען געפונען אַ צוויאָק, אַ נים זיי לעגען אַריין צוועקעס סע זאָל גיהן גוט אויף דער וואָג?...

—טאָמער וואָלט געוועזען גענוג רעדען?—רופט זיך אָן דער אַלטער — גיה און ברענג צו טראָגען און אַנ'עק זאָל דאָס האָבען!

— וואָס הייסט גלאַט ברענגען צו טראָגען! מען בעדאַרף דאָך וויסען וואָס ברענגען! איטליבער האָט זיך זיין משוגעת! אָט האָסט דו אַ שטייגער ליעב געפרעגעלטע פיש... און אַנדערע האָבען פיינד געפרעגעלטע, האָבען ליעב באַקפיש... צי אַ שטייגער פאַראַן אורחים ביי אונז אַזעלכע, וואָס הייסען זיך אָבקאָכען געהירען און עסען דאָס צוהאַקטערהייט מיט אַ ציבעלקע און מיט שמאַלץ... און ווידער איז פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבען ליעב אין מיטען דער וואָך פּעטשאַי מיט צוגעטריקענטע פענעצליך מיט קנאָבעל... און פאַראַן אַזעלכע פרעסער, וואָס וועלען אייך אַוועקגעבען די נשמה פאַר איין אָנגעפילטע קישקע מיט פאַרפעל... און פאַראַן ווידער אַזעלכע, וואָס איהר זאָלט זיי גילטען זיי זאָלען אייך נעמען אין מויל אַריין איין עסיג פלייש!...

— איך בעט אייך—זאָג איך—ברענגט מיר וואָס איהר וועט שוין ברענגען דען איך בין טוידט־הונגעריג!

רחל געהט אַוועק, און דער אַלטער רופט זיך אָן צו מיר:

— ניין מאָס רייד!

— ס'איז אַייערע אַ טאָכטער? — פרעג איך איהם.

— וואָסער טאָכטער! מאַכט ער צו מיר — ס'איז מיין ווייב, דאָס אַנדערע ווייב ביי מיר. עך, עך, עך! אַוודאי איז דאָס ניט יענע... יענע עליה השלום איז געווען אַ אידענע וואָס מען קריגט זי ניט!... דאָס הייסט איך האָב צו דער אויך גאָר ניט, זי האָרעוועט נעביך זעהר געטריי. אַז אָך און וועה איז איהר!... אָט דאָס שטיקעל מאַטראַץ, וואָס איהר זעהט, איז אונזער גאַנץ בעטגעוואַנד... און דער צו בין איך אַ קראַנקער און אַ קאַפּריזנער! אויסשטעהן מיין שגעון — בעדאַרף מען זיין שטאַרקער פון אַייזען! דאָס הייסט בטבע בין איך דוקא אַ גוטער, נאָר מיך אַז מען דער'רגזנ'ט מיט אַ וואָרט איז חיות ניט זיכער, וואָס סע קומט מיר אין האַנד פליהט דאָס אין קאָפּ אַריין!... אָט אַזאַ ספּילשליווער בין איך!... איהר מיינט איך האָב דאָס איהר ניט געזאָגט פריהער, איידער איך האָב זי גענומען? איך האָב איהר געזאָגט, אַז קיין האָניג וועט זי ביי מיר ניט לעקען? זי וועט זיין צופריעדען, אַז עס וועט זיין אַ שטיקעל ברויט אין שטוב! פון פליייש און פון מילך שמועסט מען ניט! און האָרעווען האָב איך איהר געזאָגט פריהער, אַז זי וועט האָרעווען פאַר דריי...

— צוליעב וואָס זשע האָט זי אַייך גענומען? — פרעג איך איהם.

— וואָס הייסט — מאַכט ער צו מיר פערוואונדערט — צוליעב וואָס? און די „שטוב" איז ביי אַייך אַ הונט?

— וואָסערע שטוב? — זאָג איך — אָט דער מויער איז דען אַייערער?

— ניין! — טאַכט ער צו מיר מיט אַ געלעכטער — איך מיין די „רעסטאָראַציע" וואָס איך האָב סע שוין ביי מיר איין אַיינגעפיהרט געשעפט פון כמה וכמה יאָהרען, אָט ווי ס'איז ניט געשלאָגען איצטער די פרנסה פון דעסטוועגען איז פאָרט אַ שטוב! ווען איהר טהוט אַ קוק אויף מיין רחל'ן, אַז זי טהוט זיך אָן און געהט אַרוים אויפ'ן שפּאַציר וואָלט איהר געמיינט ס'איז אַ גראַפיניע! זי איז טאַקי קיין עין הרע זעהר אַ שעהנע, איצט איז זי שוין אַביסעל „אָבגעבליאַקעוועט", איהר זאָלט זי געווען זעהן פריהער מיט עטליכע יאָהר!...

— וויפיעל קינדער האָט איהר? — מאַך איך צו איהם.

— טע־טע־טע! — מאַכט ער צו מיר—קינדער! אָט דאָס איז

די גאַנצע צרה, וואָס איך האָב קיין קינדער ניט! אַביסעל בראָנפען וועט איהר נעמען? וועל איך אייך געבען אַביסעל „שפּירעט".

— אָך — זאָג איך — מיט'ן גרעסטען כבוד.

— איך וועל אייך געבען אין אַ פינסטערער כלי — מאַכט צו מיר דער אַלטער און שלעפּט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ פלעשיל און אַ קליין געגלייזט־טעפּעלי און גיסט מיר אָן אַביסעל „שפּירעט". דאָס ביסעל „שפּירעט" מאַכט מיר נאָר'אַ גרעסערען אַפּעטיט און איך פיהל אַז עס עקט זיך מיר דאָס חיות.

עס קומט רחל מיט'ן הערינג און טהוט זיך אַ פּאַטש מיט ביידע הענד איבער'ן קליידעל:

— אוי אַ דונער איז מיר! איך האָב גאָר פערגעסען, אַז אין שטוב איז ניטאָ נישט קיין בולקע און נישט קיין ברויט! וואָס פאַר אַ געבעקס האָט איהר ליעב? אידישען קוילעטש, צי פראַנצאָלים, צי גאָר קאָרן־ברויט?

— וואָס איהר וועט דערוועהן פריהער — זאָג איך — אָט דאָס [illegible] איהר קויפען! איך בעט זעהר איהר זאָלט מיך מעהר נישט פרעגען וואָס איך האָב ליעב! איך האָב אַלסדינג ליעב!

— אַ קאַפּריזנער אורח! — זאָגט רחל — פערעבענדיוועט נאָך מעהר ווי מיין מאַן!.. מיין מאַן וואָלט אַ בעלן געווען אַלע טאָג אַ פרישען פּידפּאַליק... אַלט־געבאַקען ברויט נעמט ער נישט אין מויל אַריין... קען דען זיין אַלע טאָג פריש געבעקס? דאָס קאָן אויספיהרען סיידען קאַביליאַנסקי...

— נו געה שוין געה — זאָגט צו איהר דער אַלטער — זעהסט דאָך אַז זיי חלש'ן עסען!...

רחל געהט אַוועק נאָך געבעקס און עס קומט אַריין אַ אידענע אַ הויכע מיט איין אויג: איין האַנד האַלט זי אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנד קראַצט זי זיך אין אויער.

— וואָס טהוט מען ר' משה יענקיל, גיט מיר איין עצה? — זאָגט די הויכע אידענע צום אַלטען — ביי מיין שמואל'קען האָט זיך שוין ווידער צושפּיעלט איין אויעריל...

עס קומט אָן רחל מיט'ן געבעקס און מאַכט מיר דעם הערינג, און די הויכע אידענע הערט ניט אויף אויסצומאָלען ווי עס רינט ביי איהר שמואל־קען פון איין אויעריל... זי האָט מורא זי וועט ווידער מוזען אָנקומען צום רופא ווייסט זי ניט צו וואָסער רופא זאָל זי געהן? דען

צו וואָסער רופא זי זאָל ניט געהן ווייסט זי פריהער אַז ס'איז אַרומ־געוואָרפען, מחמת די באַרדיטשעווער "רופאים". דער רוח זאָל זיי נעמען, זענען גוטע בלוטצאַפּערס! אַ באַרדיטשעווער דאָקטאָר אַז איהר גיט חלילה ווינציגער פון אַ גילדען, טהוט ער אייך אַ שמיץ אין פנים אַריין! ס'איז איהם קאַרג צו קרענקען דעם פּראָפעסאָר!...

— גיט עפּעס אַ נדבה, אַ קראַנקען! — מאַכט אַ איד מיט אַ בלוי פנים און ציהט אויס אַ קליין אויסגעטריקענט הענטיל, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען לכתחילה פאַר אַ סגולה אויף בעטען נדבות..

— גיט עפּעס אַ נדבה אַ ווייסטען קאַליקע!... רופט זיך אָן אַ נפש וואָס געהט אויף די הענד מחמת ביידע פיס זענען ביי איהם צונויפגעפלאָכ־טען און אונטערגעבויגען אונטער זיך.

— גיט עפּעס אַ נדבה אַ חולה־נופל־דיגען!...

איך וואַרף אַוועק אין מיטען דער „סעודה". איך צורעכען זיך פאַר'ן עסען און אַנטלויף פון דער „רעסטאָראַציע" וואו דער שנואַבצער פּעפער וואַקסט!"

---

## באַרדיטשעווער וויין און באַרדיטשעווער שכורים.

„נאָך אַזאַ מיטאָג וואָלט געוועהן גוט פערטרינקען מיט אַ גלעזיל וויין" אַזוי טראַכט איך מיר און דערזעה איין אויפשריפט: בכאן מוכרים יי"ג, מעד וביער למקח השוה.

איך לאָז מיך אַראָפּ אין אַ פינסטערן קעלער, צווישען פעסער און פעסליך, צעבערס און פלעשליך, און דערזעה ביי דער זייט זיצט אַ היבשער בחור מיט איין אונטערגעבונדען געשוואָלען פנים איבער אַ מולטער און האַקט ראָזינקעס מיט אַ האַקמעסער.

— וואו איז ערגעץ דער בעל־הבית? — פרעג איך דעם בחור.

— דער בעל הבית? — מאַכט צו מיר דער בחור און נעמט אָן אַ פולע זשמעני מיט ראָזינקעס, טהוט אַ שמיר איבער'ן מויל און חראַמקעט מיט די צייהן גאַנץ געשמאַק — דער בעל הבית איז אין קאַמער, ער מאַכט „ווימאַראָזינג".

— וואָס הייסט — זאָג איך — ער מאַכט „ווימאָראָזינג?"

אִיהר ווִילט ווִיסֶען — מאַכט צו מִיר דעֶר בחור — ווי אַזוי מעֶן מאַכט „ווִימאָראָזִיג" בײַ אונז אִין באַרדיטשעֶוו? מעֶן נעֶמט ראָזִינקעֶס אִין מעֶן האַקט אִין מעֶן האַקט אוּן מעֶן האַקט זײַ אַרײַן אִין אַ גרויסעֶר פאַס אַרײַן, מעֶן בּויטעֶט אָן דאָס איבּעֶריגעֶ מִיט וואַסעֶר פוּן דעֶר גגִילאָפּיאַטקעֶ און מעֶן מִישט אַרײַן האָפּעֶן, הויבּט דאָס אָן שפּילעֶן, אוּנ אַז סעֶ צושפּילט זיך ווערט אַ געֶשטאַנק, אַז מעֶן קאָן דעֶרוואָרגעֶן ווערעֶן! נעֶמט מעֶן אַ פּאָר עֶמעֶר „שפּירעֶט" אונ מעֶן האַקט אַרײַן עֶפּעֶס אַ מין פּראָשעֶק אַזעֶלכעֶן, וואָס סעֶ קאָסט אַ גילדעֶן אַ פוּד; נאָכדעֶם זײַעֶט מעֶן דורך דעֶם גאַנצעֶן ווײַן דורך אַ גויעֶשעֶר העֶמד אונ מעֶן שרײַבּט אָן מִיט קרײַד אויף דעֶר פאַס: ווִימאָראָזִיג אַקעֶרמאַן.. אונ אַז אִיהר ווִילט דעֶר ווײַן זאָל זײַן רויט, נעֶמט מעֶן דעֶם אײגעֶנעֶם ווִימאָראָזִיג אונ מעֶן פעֶרפאַרבּט אִיהם מִיט גאָלעֶש-טִינט אונ מעֶן שרײַבּט אָן מִיט קרײַד אויף דעֶר פאַס: זמירער פּעֶאָדאָסיעֶ אָדעֶר אונגערשער מאַלאַגעֶ.... אונ באַרדיטשעֶווער מבינים זשליאָבּעֶן די דאָזִיגעֶ קאָקאָפּיצעֶ אונ לעֶקעֶן די פִינגעֶר! שאַ אָט געֶהט דעֶר בעל הבית, אַרויסגעֶהן זאָל פוּן אִיהם די פּאַרעֶ!

דעֶרזעֶהן דעֶם בעל הבית געֶהן הויבּט דעֶר בחור אָן צו האַקעֶן די ראָזינקעֶס מִיט אַלעֶ כחות.

— וואָס האָט אִיהר געֶוואָלט? — מאַכט צו מִיר דעֶר בעל הבית, אַ רויטעֶר איד נִיט קײן הויכעֶר מִיט אַ הײזעֶריג קול אונ מִיט אײן אויג אײן אָפּעֶנעֶם, וואָס אַפילו אַז עֶר שלאָפט מוז עֶר דאָס אויך אַ פּנים האַלטעֶן אָפּעֶן.

— אַ גלעֶזִיל ווײַן — זאָג אִיך.

— אַ לאחדים גלעֶזעֶל ווײַן? — מאַכט עֶר צו מִיר, דרעֶליוועֶט אײן אויעֶר אוּנ קוקט אויף דעֶר סטעֶלי.

— אַ לאחדים גלעֶזעֶל ווײַן — זאָג אִיך.

וואָס זשעֶ — זאָגט עֶר — האָט אִיהר זיך אַראָפּגעֶלאָזט אִין קעֶלעֶר? פאַר וואָס זעֶנט אִיהר נִיט אַרויף געֶגאַנגעֶן אויבּעֶן? קריכט אַרויף אונ נעֶמט זיך זײַט מוחל רעֶכטס!

אִיך קריך אַרויף אונ נעֶהם מִיך רעֶכטס אונ קוּם אַרײַן אִין אַ פִינסטעֶרן חדר פוּל מִיט רויך און מִיט בלאָטעֶ, עֶס שטעֶהעֶן עֶטליכעֶ טישאַכאָטשנעֶ הינקעֶנדיגע בעֶנקליך אונ אִידעֶן זיצעֶן, רויכעֶרן פּאַפּיראָסעֶן אונ טרינקעֶן „ווימאָראָזִיג"; זײַ זינגעֶן נִיט, שרײַעֶן נִיט, שלאָגעֶן נִיט מִיט די העֶנד אִין טִיש אַרײַן אונ בעֶוויײַזעֶן נִיט קײן שום מיאוס'עֶ שטיק,

וואָס דען טהוען זיי ? זיי זיצען אונ זויפען דעם „ווימאָראָזיג״ פון די גלעזליך, פערדרויבערן אַ פּאַפּיראָס, זיפצען און קרעכצען אונ רעדען שטילערהייט. אָט זיצען צוויי אידען ביים טישעל אַראָבגעלאָזט די קעפּ. מען זעהט אַז ס'איז ביי זיי אויסגעגאַנגען ווערטער, כאַפּט זיך אויף איינער:

— וואָס זאָגסט דו שמעון דוד אויף דעם „ווימאָראָזיג״, האַ ?

— וואָס זאָל איך זאָגען אויף דעם ווימאָראָזיג ?—כאַפּט זיך אויף דער אַנדערער ווי פונ'ם שלאָף—סאיז אַ ווימאָראָזיג פון גאָט ! סאיז שוין איין מאָל אַ ווימאָראָזיג !

— מען בעדאַרף איהם פרעגען צי וועט ער האָבען פון דעם איינגענעם ווימאָראָזיג אם־ירצה־השם אויף פסח ?

— דו זאָרגסט זיך שוין פאַר פסח ? ביזט שוין אַ פּנים אַ בעוואָרענ־טער מענש אַרום און אַרום, נאָר פסח'דיגער „ווימאָראָזיג״ געהט דיר אָפּ ?

— וואָס דען, איך בעט דיך, אַז אָך און וועה איז מיר !

— אַז אָך אונ וועה איז טאַקי דיר, אַז דו בעדאַרפסט זיצען אָט אַרום אַ גאַנצען טאָג, אויסבעהאַלטען זיך פונ'ם ווייב, זי זאָל ניט מאָהנען אויף שבת.

— דערמאָהן מיר ניט דאָס ווייב, גיב מיר בעסער מיט אַ פּיסטויל אין האַרצען. וואָס קען איך איהר געבען? צרות קען איך איהר געבען, אַז אָך אונ וועה איז מיר !

— דו מיינסט מיר איז בעסער ? אַז אָך אונ וועה איז מיר אויך !

— איך ווייס אַז דיר איז אויך ניט, אַז אָך און וועה איז אונז ביידען ! לחיים ! לאָמיר זיין געזונד...

נאָך צוויי אידען זיצען ביי איין טישעל איינער מיט אַ גאַנצער קאַפּאָטע, אונ דער אַנדערער מיט אַ צעריסענער קאָפּאָטע, דער וואָס מיט דער גאַנצער קאַפּאָטע רעדט, אונ יענער וואָס מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע קוקט איהם גלייך אין די אויגען אַריין אונ שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ:

— פערשטעהסט דו שוין ווי אַזוי לוי יצחק דרעהט אוים אַ געשעפט ?... לוי יצחק קען זיך אַריינדרעהען אונ פאַר־דרעהען אי זיך אי יענעם אונ סוף כל סוף פּאָרט אויסדרעהען ! דען איך אַז איך טרעט צו צו אַ געשעפט, שמעק איך פריהער, שאַ, פּאַוואָלינקע, נישט געבאַפּט... אונ אַז איך שמעק גוט אָן וואו עס האַלט טהו איך מיר אַ פּאָרקע הינטען אַרום, דאָס, יענץ, לאָקש, בוירעם,

צִיבּעלע, טאָמער אַזוי, טאָמער אַזוי, וואָס וועט אייך אַרען, ממה נפשך.
ווי זאָגט ער: גוט איז אַ חיי־שעה!... אַי טאָמער טהוט מיר יענער אַ קוק
אַיועק אונ איך דערזעה אַז ס'איז אויף צרות, אויף קינדער ווירער?...
טרעט איך מיר אָפּ אין אַ זייט און—שאַ! לאָז זיך עס טהון אָהן מיר!...
אויב ס'איז באַשערט וועט דאָס נים אַוועק, אונ אַז מען וועט בעדאַרפען
פּאָרקען וועט מען פּאָרקען... פאַראַן אַ פּייטערבאָרג און פאַראַן!... מיר
וויַיסען שוין ווי אַ טיר עפענט זיך, מיר פערשטעהען דאָס מין... מיר
קענען די עברי וואָס מען דאַרף... טאָמער דאַרף מען שרייבען געפּינט־
מען שוין דעם וואָס ער שרייבט... דער עיקר איז ס'זאָל זיין שטיל
ש ש ש!!! (ער טהוט זיך אַליין אַ בּיס דעם קולאַק אונ ווערט שטיל).
נאָך עטליכע אידען מיט פערשידענע קאַפּאָטעס אונ אַלערליי
קאַשקעטען זיצען ביי איין טישעל אונ רעדען אַלע מיט אַ מאָל, אַזוי
אַז זייערע ווערטער ווערן צונויף געגאָסען אינאיינעם, אונ עס קומט
אויס אַ מישמאַש פון מסחר, פון פּאָליטיק, פון ווימאָראָזיג, פון אַמאָליגע
יאָהרען, פון היינטיגע קינדער, פון דאָקטוירים, פונ'ם טראַמוואַי, פון
דער טאַקסע, פון אַ רוח אין באַרדיטשעווער נגידים'ס טאַטען אַריין—ס'איז
שווער אַרויסצוכאַפּען אויפ'ן פּאַפּיר דאָס וואָס ווערט דאָ גערעדט, אינ
ביי דער זייט שטעהען ווילד־פרעמדע אידען, וואָס טרינקען נים קיין
ווימאָראָזיג, נאָר זיי זענען אַריינגעגאַנגען אַהער גלאַט אַזוי, הערען וואָס
מען רעדט טאַקי אונ אין איין וועג זיך אָנוואַרעמען...
נאָך אַ קאָמפּאַניע אידען זיצען אַרום טיש טרינקען „ווימאָראָזיג"
אונ זינגען אַ לידעל, אונ דוקא אויף גויע'ש; נאָר שטיל אָהן געפּילדער
מיט זעהר אַ וויינענדיגען נוסח, ווי מען זאָגט סליחות אָדער תהלים:
אַברהמנו! אַברהמנו!
איבונו טי נאַש!
טשעמו טי נעפּראָסיש
אלהינו נאַש!
אַלבאָ נאַס וויקאָפּיט,
אַלבאָ נאַס וויפּראָסיט, —
לאַרצנו נאַשו,
לזעמליו נאַשו!?...
אַז עס האַלט ביים „וויקאָפּיט" מאַכען זיי דאָס מיט אַ שטורם, מיט
אַ ירגזון, דאָס הייסט מיט שטאַרקייט. נאָר אַז עס קומט צום „וויפּראָסיט"
ווערען זיי מיט אַמאָל וויַיך, בייגען איין די קעפּ אונ מאַכען מיט די

הענד, ווי להבדיל אַ פּרומער חזן ימים נוראים פאַר'ן עמוד. און בײַם „לאַרצנו נאַשו" לזעמליו נאַשו, צוווײַנען זיך טאַקי מיט טרערן ווי קלײַנע קינדער...

— עי־עי־עי־עי! רופט זיך אָן איינער פון דער קאָמפּאַניע. אַ יוד, וואָס דאָס קאַשקעטיל ליגט איהם שוין אויף יענער האַלבע קאָפּ, די אויגען זענען בײַ איהם ווי שלעפעריג און די צונג פּלאָנטעט זיך שוין אַביסעל צווישען די צייהן. — וואָס וואָלט געווען אַ שטײַנער כדומה למשל מען זאָל אונז אָבגעבען הײַנט דאָס ארץ ישראל? האַ, יענקיל וואָס זאָגסט דו יאַנקיל? דו ביזט דאָך עפּעס אַ יורע נגן!

— ארץ ישראל? — זאָגט יענקיל, ציהט אויס דעם האַלז און קראַצט זיך אונטער'ן קאָלנער — ארץ ישראל? ע! ס'וואָלט אַוודאי געווען ניט שלעכט... עפּעס טהוען זיי זאָגט מען דאָך אין דעם ווי אַזוי הײַסען זיי? די... די... די...

— די ציוניסטען? — כאַפּט איהם אונטער נאָך איינער — בלאָטע! ס'וועט גאָר ניט זײַן פון דעם!

— פאַר וואָס? עפּעס בעדאַרף דאָך זײַן אַלסדינג מיט אַ טעם!

— אַזוי מסתמא ווײַס איך, אַז איך זאָג, איך האָב פײַנד רעדען גלאַט אַזוי; דו ווײַסט דאָך אַז איך זאָג איז געזאָגט!

— איהר זענט אַלע בהמות! — רופט זיך אָן אַ ראַקאָוואַטע אידעל מיט אַ לאַסטריגענע קאַפּאָטע, רעדט פּאַוואָלי, צעהלט די ווערטער, לעגט אַרויף דעם פינגער אויף דער נאָז, האַלט דאָס מויל אין אַ זײַט און שמייכעלט צו זיך אַליין זעהר נעשמאַק און די בעקליך פּלאַמען איהם — איהר זענט פערד, ווי איך בין אַ איד, אוי זענט איהר פערד! איך קוק און שווײַג און הער זיך צו וואָס איהר רעדט: ציוניסטען, שמיוניסטען, קעבעכע מיט לאַקרעץ... איך זעה אַרויס אַז איהר ווײַסט קײַנער ניט מה דקאמרי רביצין! אויב איהר ווילט וועל איך אײַך זאָגען וואָס דאָ ליגט! די מעשה דערפון איז אַזוי... נאָר הערען זאָלט איהר מיט קאָפּ!...

ער נעמט דאָס בערדיל אין מויל אַרײַן, פערמאַכט די אויגען, טראַכט לאַנג לאַנג און כאַפּט זיך אויף פונם שלאָף און טהוט אַ מאַך צום בעל הבית, קנאַקט צו מיט'ן פינגער.

— רב זײַט־זשע מוחל! הײַסט געבען נאָך אַפלעשיל וויסאָראָזיג!...

# גאנץ בערדיטשעוו

אין 5 ביכער.

# אויסגאַבען פֿון „פֿאַמיליען־ביבליאָטעק" וואַרשא.

1) בעמעלע דעם רבי'נס
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 5
2) 75 טויזענד „ שלום עליכם 15
3) דער קוש „ ל. שאפירא 5
4) אלמנה נומר 1 „ שלום עליכם 5
5) אלמנה נומר 2 „ שלום עליכם 5
6) אלמנה נומר 3 „ שלום עליכם 5
7) פֿערשפעטיגט „ אברהם רייזען 5
8) דער דייטש „ שלום עליכם 5
9) גוטע ברידער קאָמעדיע אברהם רייזען 5
10) מאָמענטען שלום אש 15
11) אַ ווינגרישנער בילעט
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 15
12) שמואליק „ שלום עליכם 5
13) יוסף דער רוזענטעלמאַן שלום עליכם 10
14) די יונגע ליעבע „ ד. פינסקי 5
15) שפרינצע „ שלום עליכם 5
16) דער שפיאָן „ מ. טייטש 5
17) די יורשים „ שלום עליכם 5
18) מיט'ן עטאַפּ „ שלום עליכם 15
19) די ערשטע קאָמונע שלום עליכם 10
20) דער בלינדער גיואַי דע מאָפּאַסאַן 5
21) חוה, טביה דעם מילכיגער'ס
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 5
22) די ערשטע יודישע רעפובליק
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 10
23) 13 פֿעראייניגטע שטאַאַטען
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 10
24) 13 געפֿאַנגענע
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 10
25) עולם הבא „ שלום עליכם 10
26) דער קרבן „ יעקב גאָרדין 5
27) הונדערט איינס „ שלום עליכם 5
28) די ציגיינערין „ אברהם רייזען 5
29) ערב פסח'דיגע עמיגראַציע
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 5
30) שמעון גיואַי דע מאָפּאַסאַן 5
31) דער יונגסטער פֿון די מלכים
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 5
32) די באַראָנעסע „ וו. דאָראָשעוויטש 5
33) אין יענער צייט
ערצעהלונג פֿון מענדעלע מוכר ספרים 10
34) טביה'לע „ יעקב דינעזאָהן 5
35) אָרעמקייט איז קיין שאַנד
ערצעהלונג פֿון יעקב דינעזאָהן 5
36) אויף יענער זייט סמבטיון
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 10
37) שלאָפֿען ווילט זיך „ א. משכּלאָוו 6
38) ל"ג בעומר „ שלום עליכם 6
39) מתושלח אַ יודיש פֿערדיל
ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 5
40) אַ הייסער זומער טאָג א. קאַפּעל 5
41) מילכיג'ם „ שלום עליכם 5
42) אַ מעשה אָהן אַ'עק שלום עליכם 25
43) ווען איך בין ראָטשילד! שלום עליכם 5
44) אַ פּוילישער גלח אברהם רייזען 5
45) טביה דער מילכיגער,
אַ גרויסער געווינס. שלום עליכם 8
46) גזלנים ערצעהלונג פֿון שלום עליכם 6
47) און זי האָט איהם געפֿאָלגט ב. גאָרין 5
48) צוויי טויטע שלום עליכם 8
49) דאָס פּאָר פֿאָלק שלום עליכם 8
50) קאָנקורענטען יונה ראָזענפֿעלד 5
51) מענשען שלום עליכם 10
52) שיר השירים שלום עליכם 7
53) אַלטינקע דוד פּינסקי 5
54) טביה דער מילכיגער פֿאָהרט
אין ארץ ישראל שלום עליכם 8
55) בעשיינט די חתונה מ. ספעקטאָר 5
56) גאָלד שפּינערס שלום עליכם 5
57) די שטאָדט כתריל'אָווקע שלום עליכם 5

אַדרעסע: Я. Пинкерт книжный магазинъ, Варшава, Налевки 36.

# וואס איז אזוינס „Энъ-Д'оръ"?

## עטליכע ווערטער פון חברת „כרמל"

אַרויסלאָזענדיג אויפ'ן מאַרק דעם ערשטען מאָל דעם נייַעם וויין „עין־דור" ערלויבען מיר זיך צו זאָגען עטליכע ווערטער וועגען איהם.

## וואס איז אזוינס „עין־דור"?

וועדליג נאָך זייַנע גוטע מעלות, זייַן בוקעט, זייַן אַראָמאַט און איבערהויפּט זייַן רייַכקייַט אין „עקסטראַקטען", איז ער איינער פון די אויסגעצייכענטסטע סאָרטען וויין, ניט נאָר אין ארץ־ישראל, וואו ער רופט זיך מיט'ן נאָמען „גאָלדענער וויין" נאָר אפשר אויך אין דער גאַנצער וועלט. **אזא גליקליכער נאַטור־ליכער פעראייניגונג פון אלערליי, צום געזונד נוטצליכע, עקסטראקטען** טרעפט זיך זעהר זעלטען און דאָס מאַכט דעם „עין־דור" אַזוי וויכטיג פאַר יעדערן.

נאָך אין די ערשטע יאָהרען פון קאָלאָניזאַציע האָט דער **באראן ראטשילד** וועלכער איז אַ גוטס־בעזיטצער פון די גרעסטע אונד בעסטע וויינגערטנער אין פראַנקרייַך און שפּאַניען בעזונדער אויפמערקזאָמקייט געלייגט אויף דעם סאָרט. און ווירקליך, ער האָט ערגרייכט דעם גרעסטען ערפאָלג. „עין־דור" האָט זיך אַזוי איינגעגעבען, דאָס ער איז עקספּאָרטירט געוואָרען (אַרויסגעשיקט) פיעל אפילו אין פראַנקרייַך און שפּאַניען, נאָר דערהויפּט אוספּיעך האָט ער געהאַט אין דייַטשלאַנד, גאָך דעם, ווען דער העמיקער־פעראיין (Союзъ химиковъ) האָט פערעפענטליכט זייַן אַנאַליז, וועגען „עין־דור" און בעריהמטע פראָפעססאָרען האָבען איהם אָנגעהויבען אַריינפיהרען אין זייער פּראַקטיקע מיט דעם נאָמען „זון־וויין"... (Sonen-Wein)

דער בעריהמטער פּראָפעססאָר .H איינער פון די גרעסטע אין דייַטשלאַנד וועלכער האָט פיעל שטודירט די פראַגע וועגען די ראָלע פון ווייַן אין מעדי־צינע, שרייַבט אונז בזה הלשון:

„נאָך דעם ווי איך האָב זיך גרונדליך בעקאַנט מיט דעם אַנאַליז פון אייַער וויין בין איך געקומען צום בעשלוס, דאָס אַזאַ גליקליכע נאַטוראַלנע פעראייניגונג פון עקסטראַקטען, טאַנין, זיסקייַט און אַלקאָהאָל איז מעגליך נאָר אין דעם זאָנדערסט גינסטיגען קלימאַט פון פּאַלעסטינע, און מיט רעכט האָט ער פאַרדינט ביי אונז דעם נאָמען „זון־וויין" און ביי אייך אין פּאַלעסטינע—„גאָלדע־נער־וויין. איך זאָג אייַך פאָראויס, דאָס ער וועט האָבען דעם גרעסטען אוספּיעך..



די וועלט־בעריהמטע פעטקייט

# קוּנֶעָראיל

ייסט איהר וואס איז אזוינס קוּנֶעָראיל?

קוּנֶעָראיל ווערט פאבריצירט פון פרישע קאקאסאווער
נים.

קוּנֶעָראיל איז די רייכסטע, די געשמאקהאפטיגסטע
פעטקייט אין דער וועלט.

קוּנֶעָראיל איז די נוצליכסטע, געזונדסטע פעטקייט
אין דער וועלט.

קוּנֶעָראיל איז מיט 25 % פעטער פון בעסטען פוטער,
פון די טהייערסטע היהנער־שמאלץ.

קוּנֶעָראיל ווערט קיין מאל ניט קאליע, אפילו עס זאל
שטעהן א יאהר לאנג.

קוּנֶעָראיל איז „פארעווע”, אפילו פלייש מעג מען בראַ־
טען אויף קוּנֶעָראיל.

קוּנֶעָראיל איז גוט צום בראטען, צום באקען און צום
פרעגלען.

די פאבריק פון קוּנֶעָראיל פיר גאנץ רוסלאנד

Бр. Треппель, Одесса.